№ 73

פֿערלאַג „די וועלט“ ווילנאָ.

ד. קאסעל.

# ניִשט בּעזיעגט.

(לעגענדע).




פרייז 6 קאָפּ.



ווילנא—1907.

НЕ ПОБѢДИЛЪ.

Д. Касель.

# נישט בעזיעגט.

(א לעגענדע.)

גענווידמעט מאַשע שאַכנאָוויטש.

ס'איז א טייך געוועהן א שעהנער,
מיט בעגילטע שלאַנקע כוואַליעס,
וועלכע פלעגען פריי זיך קויקלען
פאַר א גרויסען וואַלד אַ יונגען.

און די כוואַליעס פלעגען זינגען
ליעדער שעהנע, ליעדער נייע,
און פון וואַלד די יונגע בוימלעך
פלעגען אויך דאָס זינגען פיהלען.

און אין רונדע גרינע ברעגען
איז דער טייך געפאַסט געוועזען,
ווער עס האָט איהם נאַר געזעהען,
דער איז אַנדערש באַלד געוואָרען

און געשיקט האָט קושען ליעבע
צו דעם טייך דער הויכער הימעל
און די יונגע בוימלעך האָבען
נאַר פון טייך געהאַט חלומות.

דאָך נאָך שעהנער איז געוועזען
פון דעם טייך — אַ בלום אַ רויטע,
וועלכע האָט אין טייך געוואַקסען
און געפאַרבט אויף רויט די געגענד.

ווי די זון רויט אין פריה פאָרגען,
אַז זי מאָלט אויף רויט דעם הימעל,
האָט די בלום די גאַנצע געגענד
בלויז געמאָלט אין רויטע פאַרבען.

פונ'ם וואַלד די יונגע בוימלעך
זענען אונטען גרין געוועזען,
נאָר די שפּיצען האָבען ליכטיג
דורכגעלייכט אין רויטע פלאַמען.

רויטע פלאַמען, רויטע פלאַמען
האָבען איינגעהילט די געגענד!
ווער עס האָט די בלום געזעהען,
דער איז אַנדערש באַלד געוואָרען.

ס'שטעהט נישט וויט פון טייך אַ פּאַלאַץ,
איינגעטונקט אין גאָלד און זילבער,
אויסגעמאָלט אויף אַלע פאַרבען,
אַלע פאַרבען, נאָר חוץ רויטעס.

אין דעם פּאַלאַץ וואוינט אַ פּרינץ,
און דער פּרינץ געהט שפּאַצירען
אַלע טאָג צום טייך און הערט דאָרט,
ווי עס זינגען זיך די כוואַליעס.

נישט קיין פרייד און לייד און טרוימען
האָט דעם פּרינץ דאָס געגעבען,
ער האָט ווייניג־וואָס פערשטאַנען,
וועגען וואָס די כוואַליעס זינגען.

ער האָט ווייניג־וואָס פערשטאַנען,
וואָס די בלום שיט רויטע פלאַמען,
וואָס די יונגע בוימער רוישען
מיט די רויטע פייער־שפּיצען.

ער האָט גאָר געמוזט שפּאַצירען,
וויל ער איז צו־פעט געוועזען,
און עס האָבען איהם פערשריבען
עס דאָקטוירים אַלס אַ היילונג.

קוקען פלעגט ער סתם, אַזוי זיך,
אויף דעם טייך מיט זיינע כוואַליעס,
אויף די בלום מיט איהרע פלאַמען,
אויף די יונגע שטאָלצע בוימער.

נאָר עס האָבען טיעף געהאַסט איהם:
אַי די בוימער, אַי די כוואַליעס,
אַי די בלום — געהאַסט פול צאָרן,
נישט געקענט זיין בליק פערטראָגען.

דאָך פלעגט ער אַמונטרער קומען
פון זיין שפּאַציר אין׳ם פּאַלאַץ,
וואו עס פרעגט איהם באַלד אַ דאָקטאָר,
צי ס׳וויר־קט גוט אויף איהם די געגענד.

און ס׳פלעגט ענטפערן דער פּריץ
מיט אַ שמייכעל און התפּעלות:
„אָ, פיעל פערגעניגען, דאָקטאָר,
שענקט זי מיר, די שעהנע געגענד“.

און דער דאָקטאָר, און אַ צווייטער,
און אַ דריטער, און אַ פיערטער,
פלעגען אויפהויבען די אויגען
און דעם אויבערשטען בעדאַנקען.

רוהיג האָט געלעבט דער פּריץ,
נישט געוואוסט פון זאָרג און ליידען,
גלייך עס וואָלט זיין האַרץ געלעגען
אין אַ קאַסטען וואו פערשלאָסען.

פאַר דעם פּאַלאַץ האָט דער טייך אַלץ
זיך געזונגען נייע לידער,
שעהנע לידער, און דער הימעל
האָט אַזש פון דער הויך בעוואונדערט.

ס׳האָט געדאַכט זיך, אַז מלאָכים
זינגען ערגעץ אין גן עדן
פאַר מיליאָנען יונגע ריזען,
וועלכע ווילען ווערען געטער.

ס׳האָט געדאַכט זיך, אַז מדבריות
זענען דורכגעוועבט מיט סטרונעס
און עס שפּיעלט אויף זיי אַ קינסטלער
צו בעגייסטערן דעם הימעל.

טיעף, ווי טרוימען פון אַ דיכטער,
זיס, ווי האָפענונגען ערשטע,
ריין, ווי קינדערשע נשמות,
האָט דער שעהנער טייך געזונגען.

רויט, ווי פרייהייט אין געדאַנקען
ביי דעם העלד, וואָס זיצט אין קייטען —
זרויט די בלום אין טייך געוועזען
און בעלייכט די יונגע בוימער.

און די יונגע בוימער האָבען
זיך צושעפטשעט און צומורמעלט
ווי זיי וואָלטען וועלען וועמען
עפּעס שרעקליכעס דערצעהלען.

יונגע בוימער, שטאַרקע בוימער!
זייער מורמעל קען דערשרעקען,
ווייל עס דאַכט זיך, אַז אַ צאָרן
שלאָגט זיך אָב אין זייער מורמעל.

איינמאָל איז אַרויס שפּאַצירען,
גלייך ווי אַלע מאָל, דער פּרינץ,
און פאַר גליק און נחת איז ער
לאַנג ביים טייך דאָרט אומגעגאַנגען.

„ס'אַראַ טייך און ס'אַראַ וועלען,
ס'אַראַ יונגע שטאַרקע בוימער!
זיי פערמעגען איז אַ נחת"! —
האָט פאַר זיך געטראַכט דער אָדון.

„דאַכט זיך, אַז די כוואַליעס זינגען
און די בלום, זי לייכט בכּיון
און די יונגע בוימער שעפּטשען —
נאָר פאַר מיר, פאַר מיר דעם פּרינץ".

און דער פּרינץ שמייכעלט גליקליך:
„מיינע אַלץ, די גאַנצע געגענד".
און ער שמייכעלט און ער שמייכעלט:
„ס'אַראַ גליק — אַזאַ פערמעגען".

אויף און אָב געהט אום דער פּריץ,
פרעהט זיך מיט זיין רייכטום, לעבען,
און בעמערקט נישט, אז די בוימער
ברומען עפּעס אין גרויס צאָרן.

און בעמערקט נישט, אז די כוואַליעס
האָבען אויפגעהערט צו זינגען,
נאָר זיי זידען און זיי קאָכען,
גלייך זיי ווילען וואָס צורייסען.

און די בלום... זי שפּריצט מיט בלוטען,
הויבט די בלעטלעך ווי פון ווינד אויף,
ווינקט די בוימליך פון דערווייטען,
ווי עס וואָלט אַ שטורם ווערען.

„הערליך! שעהן! איז אַלץ צופרידען
געהענדיג ביים טייך דער פּריץ: —
„ווי אַ גאָט בין איך אַ מושל!
מיינע, מיינע, אַלץ איז מיינע"!

פּלוצלונג, דאַכט זיך, ווי אין חלום
וואָלט ער הערען עפּעס ברומען,
ברומען שטורמיש, ווי די ערד וואָלט
אין אַ גיהנום זיך פערבויטען.

„נאַכט און שאָטען... שלאַנג און אַכזר"...
הערט ער ברומענדיג די ווערטער.
—„ווער-זשע שרייט עס? שטוינט דער פּריץ:
צי די בלום? דער טייך? די בוימער"?

און ער וויל זיך גוט פערטיפען,
ויסען קלאָר, פון וואַנען שרייט עס,
נאָר עס העלפט נישט, און ער נויגט זיך,
בויגט דעם קאָפּ צו צו די כוואַליעס.

„נאַכט און שאָטען"! קלינגט עס ווידער,
„אַכזר, שלאַנג"! — ס'פערהילכט ד. ג. געגנד,
און דער פּריץ האָט בעזונדער
נישט געקענט דעם שרייער כאַפּען.

און עס האָט פּעָקנייטשט דאָס פּנים
מיט אַ ווילדען ה׳ם דער פריץ;
זיינע אויגען פון צורייצונג
האָבען זיך אַרומגעקויקעלט.

מיט אַנ׳אויסגעבויגען פּלייצע
און מיט האָהר צושטעלט, ווי שפּיזען,
וועלכע האָבען אויף זיין אויער
אָבגעשמויסט דעם הוט דעם הויכען —

האָט ער זיך געריקט פּאַמעליך;
און דאָס האַרץ האָט איהם געריסען
אי פון כּעס און פון צאָרן,
אי פון צער און פון בזיון.

אָ, ווי אין אַ ווילדער שמחה
האָט געקלונגען פון די חוואַליעס.
און די בוימער, גלייך זיי בריהגער,
האָבען ווידערהאָלט אינאיינעם.

אַז ער איז אַריין אין פּאַלאַץ,
איז אַ דאָקטאָר באַלד געקומען,
אין דערזעהענדיג דעם פריץ
איז ער צו דער ערד געפאַלען.

גרויסער פריץ! העכסטער אָדון!
וואָס איז דאָס מיט דיר געשעהן?
גוויש זעהט אויס דיין שעהנעס פּנים
און דיין פּלייצע איז געבויגען.

„גרויסער אָדון״!— און דער דאָקטאָר
האָט געקושט די פיס דעם פּריצ׳ס.
„אָ, דיין האַרץ צו מאַכען רוהיג
קען איך שוין מיין לעבען לאָזען“.

און דער פּריץ איז געשטאַנען,
בלייך, אינאַנגסט און אָהן אַנ׳אָטעם,
אַז ער האָט אין פּיין און יאוש
זיך געווענדעט צו זיין דאָקטאָר.

„דאָקטאָר, שלעָכט מיט אונז! פערפאַלעָן!"
און דער פּרינץ האָט פערקרימט זיך
און געכאַפּט די האָהר זיך רײַסעָן
און געכאַפּט די פינגער ברעָכעָן.

באַלד געקומעָן זעָנעָן אַלעָ
די דקטורים פונים פּאַלאַץ,
און געכאַפּט אויף גיך דעָם פּרינץ
און אין בעָט געלעגט איהם רוהעָן.

אין געגעָבעָן אויף צו שלאָפעָן
אַ געטראַנק פון בלוט און מאַרכעָן,
איז ער באַלד געוואָרעָן שטילער
אין האָט רוהיג איינגעשלאָפעָן.

און אַז שפּעָטער האָט דער פּריץ
זיך ערוואַכט פון טיעפעָן דרעָמעָל
און דער שלאָף פון זײַנעָ אויגעָן
איז אינגאַנצעָן שוין פערשוואונדעָן,—

האָבעָן די דקטורים אַלעָ
באַלד זײַן בעָט ארומגערינגעָלט
און איהם אָבגעָזאָגט זײַן טיטול
און געפרעָגט, צי איז איהם בעסער.

און געענטפערט האָט דער פּרינץ,
אַז עָס איז איהם עָטוואָס בעסעָר,
נאָר ער טאָר זיך ניט דערמאָנעָן,
וו...ס מיט איהם האָט זיך געטראָפעָן,

ווײַל עָס כאַפּט איהם אָן אַשלאַפּקײַט,
און איהם דאַכט זיך, אַז אַ מלאָך,
רויט, ווי פײַעָר, מיט אַ חלף,
קומט און פאָדערט זײַן נשמה.

דאָך דערצעהלעָן די דקטורים
מוז ער, און דער גרויסער אָדון
מיט די לעָצטעָ ביסעָל כּוחות
האָט גענומעָן לאַנגזאַם ריידעָן:

„בײַ דעם טײַך··· איהר װײַסט··· דעם שײנעם···
װאו די כװאַליעס, דאַכט זיך, זינגען,
האָט זיך שרעקליכעס געטראָפען···
ס'איז מיר שװער אַרויסצוריידען"···

מיט פערגלאָצטע אויגען הערען
די דקטורים זײַנע װערטער,
און זיי בעטען ער זאָל װײַטער,
װײַטער, װײַטער אַלץ דערצעהלען.

„··ס'האָט דער טײַך מיט זײַנע כװאַליעס
זיך צו'כעס'ט און צושטורמט
און אויף מיר געשריען··· שרעקליך···
נאַכט און שאָטען··שלאַנג און אַכזר···

···„נאַכט"—דער טײַך···די בלום··· די בוימער···
„שלאַנג"—אויף מיר די גאַנצע געגענד"···
און דער פּריץ האָט געציטערט,
זיך געטרײַסעלט, װי אַ לולב,

···„פריהער האָב איך נישט פערשטאַנען,
נישט געקענט דעם שרײַער באַפען,
איצט פערשטעה איך, אַז דער אָנהויב
געהט נאָר פון דער בלום דער רויטער".

···„אין די כװאַליעס און די בוימלעך
אַלע, אַלע פרעגן און אָפען
האָבען איהר געהאָלפען שרײַען···
אָ, ס'האָט שרעקליכעס געטראָפען···

„···און עס עגבערט מיר אין מח
און מיר חלש'ט אָב אין האַרצען
אין מיר פינטעלט אין די אויגען,
און מיר דאַכט זיך, איך װעל שטאַרבען···"

פּלוצלונג איז דעם פּריצ'ס פנים
בלאָה און רויט און בלאַס געװאָרען,
און ער האָט זיך װילד צושריען:
„זאָל מען שוין די בלום צורײַסען!!"

„איך בין פריץ! איך בין הערשער!
אלץ איז מיינע, אלץ געהערט מיר!
פלאגען מעג איך, טויטען מעג איך,
ווארום אלץ איז מיינע, מיינע!

„פאר דער בלום—די רויטע חוצפה,
זאג איך, איז דאס בעסטע מיטעל,
גלייך זי אויסרייסען פון וואָסער
און צופליקען אויף פיץ-פיצלעך."

און דער הערשער האט געשמייכעלט
די אייגענע געדאנקען;
פון הארצען איז איהם ווארעמער,
שטילער, רוהיגער געווארען,

די דאקטוירים, ווי מבינים,
אויף דעם פריצ'ס שעהנע ווערטער,
האבען נישט געקארגט קיין חניפה
און געפאטשט אויף אלעס, בראוואָ,

אין א שעהנעם טאג א ליעבען,
אין א שעהנעם טאג א מילדען,
ווען דער הימעל האט געווארפען
צו דער ערד פערליעבטע בליקען

און די זון אין מיטען הימעל
האט געגאסען גאלד'נע פלאמען
און געשמייכעלט, ווי א געטין,
וואס קען הערשען איבער הימעל;

און די כוואליעס, הויכע, פרייע,
האבען זיך צוטאנצט, צוזונגען,
שטיל בעגלייט פון ווייכע טענער
פון דער רויטער בלום דער שטאלצער;

און פון וואלד די יונגע בוימלעך,
אויסגעוואקסענע שוין אלע,
האבען ריזיג צוגעהאלפען,
ווי א מעכטיגער ארקעסטער —

איז צוועק אַ מחנה מענשען,
אָנגעטאָהנענע, ווי דינער,
ווי סאָלדאַטען פון דעם פּרינץ
צו דעם טײַך מיט טריט מיט שנעלע.

און אין רעכטען מיטען זינגען
פון די כוואַליעס אין די בוימער
זענען זיי אַרײַן אין וואַסער
און די בלום אַרויסגעריסען.

עפּיס האָט אַ פּלאַץ געגעבען
און אַ ווײַן געטהון אין לופטען,
ווי עס וואָלט אַ סטרונע ערגיץ
אויף אַ פּידעל זיך צוריסען.

און די כוואַליעס אויף אַ רגע
האָבען אַלע אָבגעשטעלט זיך
און פערטראַכט זיך שטיל, אָהן קלאַנגען,
ווי זיי וואָלטען אײַנגעפראָרען.

און אַ שטילקייט דורכגענומען,
אײַנגעדראָשען האָט די בוימער,
און זיי האָבען מיט די שפּיצען
שטיל בעטראַכט די מחנה דינער.

און די שטילקייט האָט געדויערט,
און די שטילקייט האָט געמאַטערט,
און די לופט איז גראָה געוואָרען
און דאָס לעבען אויפגעהאַלטען.

אויף דעם וועג, וואָס פיהרט צום פּאַלאַץ,
זענען שטיקלעך בלום געלעגען,
בייז צוריסען און צוטראָטען,
בייז צובראָקעלט און צושלײַדערט.

דאָרט בײַם פּרינץ איז אַ שמחה
מיט פיעל מאָלצײַטען געוועזען;
און מען האָט געטאַנצט, געהויבען
כוסות פול מיט גוטע ווײַנען.

„גרויסער פריץ, לעבען זאלסטו!“
האט געהילכט פון אלע זייטען,
„דיינע זענען מיר אינגאנצען,
כאטש פערקויף אונז, כאטש פארברען אונז“

און דער פריץ האט געשמייכעלט
און געווענדעט זיך צום עולם:
„פרעהט זיך! פון דער בלום דער רויטער
בין איך פטור שוין געווארען“.

„ס'איז נישטא די רויטע בלום מעהר“!
האט דער עולם הויך געשריען —
כוכות בייטען זיך אויף כוסות,
הניפות פאלען פאר'ן אדון.

ס'איז נישטא די רויטע בלום מעהר!
גאנץ וועט זיין די רוה פון הערשער!
אונזער לעבען איז — פע־היטען
יעדע האהר פון אונזער פריץ!“

---

אויפגעשטעלט איז זיין געזונד שוין,
און ער האט כמעט פערגעסען,
וואס איהם האט אמאל געטראפען
איידער ער איז קראנק געווארען.

מיט פערלעגטע הענד אויף הינטער,
מונטער, פרעהליך איז דער פריץ
פון דעם פאלאץ אויפ'ן שפאציר
ביי דעם שעהנעם טייך געגאנגען.

און ער געהט אלץ נאהענט, נאהענט
צו דעם טייך און צו די בוימער;
איבען שמייכעלט העל דער הימעל,
אונטען גרינט די ערד ווי סאמעט.

און אט רוישען שוין די בוימער,
פון דעם טייך איז ער שוין נאהענט.
אט־א הערט ער, ווי עס זינגען,
זינגען פריי די ברייטע כוואליעס.

און דאָס האַרץ ווערט פֿיל דעם פריץ,
פול מיט שמחה און מיט נחת,
וואָס עס פעהלט די בלום די רויטע,
וואָס ער איז פון איהר שוין פטור.

און ער געהט ביים ברעג געלאַסען
און פיהלט ביי זיך אַ נצחון,
„מיינע“ קוקט ער אויף די כוואַליעס,
„מיינע“ קוקט ער אויף די בוימער.

אָבער ס'דויערט נישט קיין רגע
און דער טייך נעהמט מאָדנע רוישען,
רוישען פרעך און רוישען צאָרניג,
ווי ער וואָלט אויף וואָס געשריען.

און עס העלפען מיט די בוימער,
הויכע, פרייע, שטאַרקע, ברייטע,
און זיי הורה'ען מיט די צווייגען
צאָרניג־בייז, ווי טויזענד ווינדען.

און אין רעכטען בייזען שטורם,
אין די גיהנום'דיגע קולות,
הערט ער איין אַ גרויס געלעכטער
פון דעם טייך און פון די בוימער.

ווידער לאַכען זיי די בוימער,
ווידער לאַכען זיי די כוואַליעס,
כאָטש עס פעהלט די בלום די רויטע
כאָטש זי איז שוין לאַנג געשטאָרבען.

און אַ בלייכער און אַ קאַלטער,
אי פון מורא אי פון ליידען
האָט דער פריץ, ווי אַ שאָטען,
שטיל גערוקט זיך צו דעם פּאַלאַץ.

און פון הינטען רוישט עס, ברויזט עס,
ס'קנאַקט און ברומט פון אַלע זייטען,
נאָר פון ים דאָס ווילדע ברויזען
קען זיך גלייכען צו דעם שטורם.

בלײַבער, שװאַכער נאָך, װי דעמאָלט,
איז דער פּריץ איצטער געקומען,
אינ'ם פּאַלאַץ, װאו דער דאָקטאָר
איז פאַר שרעק צו דר'ערד געפאַלען.

„גרויסער פּריץ! װאָס איז װײַטער״?
האָט מיט אַנגסט געפרעגט דער דאָקטאָר,
ליגענד בײַ די פיס פון פּריץ
און זײַ קושענדיג מיט חניפה.

„גרויסער פּריץ!״... נאָר אָהן לעבען
קוקען שטאַר אַרוים די אויגען
בײַ דעם פּריץ, און ער ציטערט,
אָט-אָ פאַלט ער באַלד אַנידער.

און די הויף-לײַט זענען אַלע
אַנגעפאַלען: די משרתים
און די העלפער, די דאָקטורים
און די העכסטע פּראָפעסאָרען,

אַ געװײן האָט זיך געהויבען
פונ'ם פּאַלאַץ, און אַ שרעק האָט
דורכגעדרונגען אַלע הערצער
און די גופ'ען פון די מענשען.

אויף די הענד האָט מען גענומען,
אויף די הענד דעם בלײַכען פּריץ
און צום בעט אַװעקגעטראָגען
און אַװעקגעלעגט איהם דאָרטען.

אַז ער איז צו זיך געקומען,
האָבען אַלע זיך פערזאַמעלט
בײַ זײַן גאָלד'נער בעט, דער רײַכער,
און געפרעגט, װאָס האָט געשעהען.

נאָר עס האָט אַ שטאַרקער פיבער
אָבגענומען איהם זײַן לשון,
און אומזיסט האָט ער געפּרובט זיך
עפּעס מורמלען מיט די ליפּען.

לאַנג איז ער אַזוי געלעגען,
ט׳ וויערינג־שטיל אַרומגערינגעלט
פון די הויזיגע, וואָס האָבען
נישט געריהרט זיך, ווי פערגליווערט.

ענדליך אָנגעשטרענגט די קרעפטען,
האָט ער קוים אַרויסגעשטאַמעלט:
„די מינוט האַקט אוים די בוימער!
די מינוט פערשיט דעם טייך מיר“!

ווידער איז ער שטיל געבליבען,
מאַכטלאָז, אונבעוועגט, אָהן זינען,
נאָר די אויגען זיינע האָבען
ביז געפלאַמט און ביז געפונקעלט.

אַלע זענען אָבגעטראָטען
פון זיין בעט, צוקלעמט, צומראַגען,
ס׳האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט ביי יעדען
פול מיט וועהטאָג און מיט יאוש.

*

ס׳לויפען טעג, נאָר גיכער — וואָכען,
און עס בעסערט זיך דער פריץ,
ווידער קען ער שוין איצט ריידען,
ס׳האָט זיין צונג בעקומען לשון.

ליגענדיג אין בעט א קראַנקער,
האָט ער אַלעם אויפגערופען,
און געהייסען, אַז זיי זאָלען
די מינוט דעם חוב ערפילען.

שטיל, פאַמעליך און געצויגען,
אָבער שטרענג האָט ער גערעדט זיי:
„די מינוט... האַקט אוים... דעם וואַלד מיר
די מינוט... פערשיט דעם טייך מיר...

„איך זאָל?... איך זאָל פון זיי ליידען?
איך זאָל הערען זייער חוצפּה?
אוים! דעם וואַלד צוהאַקט אויף שטיקער,
און דעם טייך פערשיט אינגאַנצען“.

אוּן געקניהט פאַר איהם אין דרייען
אין מיט שרעקען אין די בליקען
אוּן מיט צוטערדיגע ליפּען
האָבען זיי איהם אָבגעענטפערט:

„גרויסער פריץ! העכסטער אָדון!
איז דיר נישט אַ שאָד די שעהנקייט
פון דעם וואַלד און פון די כוואַליעס,
וועלכע ריהמען אויף דער וועלט זיך?

ס'וועט דאָך ווערען פּוסט די געגענד,
אוּן דער חן פון דיין ממשלה
וועט פערליערען זיך אינגאַנצען —
וואָס זשע וועט דיין שפּאַציר טויגען?"

אוּן דער קראַנקער איז נאָך בייזער
אוּן נאָך צאָרניגער געוואָרען.
„וואָס?! האָט ער שוין איצט געשריען —
טויט די בוימער, טויט די כוואַליעס!...

„מיין בעגעהר! ערפילט איהם פּינקטליך,
טריי היט אָב, וואָס איך וועל הייסען!
ס'אַרט די שעהנקייט מיר אַ האָר נישט
טויט זי, ווי די בלום די רויטע".

כּורעים זענען אַלע דינער
אוּן משרתים איהם געפאַלען
„גלויב, עס וועט ערפילט דיין רצון
טריי אוּן פּינקטליך אָט די רגע".

„גלויב, עס וועט ערפילט דיין רצון
וויל מיט לייב אוּן זעלע דינען
מיר — אוּן וועלען אויביג דינען,
אייביג, אויביג העכסטער אָדון!"

אוּן אַרויסגערופען האָט מען
אַלע פּאַלאַץ-מוזיקאַנטען,
וועלכע האָבען אָבגעשפּיעלט זיי,
פאַרן גאַנג אַ מאַרש אַ שעהנעם.

העֶק און אַלעֶרלײַ בלי-זין
האָבעֶן מיט-זיך מיט-געֶנומעֶן
די משרתים, אַז זײַ האָבעֶן
זיך מיט מאַרש אין וועֶג געֶלאָזעֶן.

פרעֶהליך האָבעֶן זיך געֶקױקעֶלט
אינים טײַך די שלאַנקעֶ כוואַליעֶס,
זיך געֶקױקעֶלט און געֶזונגעֶן
פול בעֶגײַסטעֶרונג און רעֶש.

און אין זײַ האָט זיך דעֶר הימעֶל
אָבגעֶשפיגעֶלט מיט זײַן בלאָהקײַט,
און מיט בעֶנדליך גאָלד פון אויבעֶן
האָט די גאָלדינעֶ זון בעֶצירט זײַ.

גאָלד און בלאָהעֶר, גלאַטעֶר סאַמעֶט
האָבעֶן דורכגעֶװעֶבט די כוואַליעֶס
און ווי פעֶריל זעֶנעֶן טראָפּעֶנס
אויסגעֶשפּרונגעֶן בײַ די זײַטעֶן.

און דעֶר גרױסעֶר וואַלד אין שטאַרקעֶר
האָט געֶזונגעֶן מיט די צווײַגעֶן,
און געֶוועֶזעֶן איז דאָס זינגעֶן
מעֶכטיג-שטאַרק, אַזוי ווי שטורם.

און דאָס זינגעֶן האָט געֶדאַכט זיך
הויבט די ערד אַלץ העֶכעֶר, העֶכעֶר,
אָט דעֶרגרײַכט זי צו דעֶר זון שוין
און זי וועֶרט דורכאויס פון שטראַהלעֶן.

אָט-אָ ריהרעֶן אָן די שפּיצעֶן
פון די שטאַרקעֶ הויכעֶ בוימעֶר
דעֶם בלוי-סאַמעֶנטעֶנעֶם הימעֶל,
וואָס איז פול מיט חן און קדושה.

און די לופט איז ריין און רוהיג,
קוקט זיך דורך, ווי גלאָז קריסטאָל-ריין
העֶרט דאָס זינגעֶן פון די בוימעֶר,
זעֶהט דאָס טאַנצעֶן פון די כוואַליעֶס.

שוואַרץ געוואָרען איז דער הימל
און די זון האָט זיך באַהאַלטען,
טראַך... האָט אויסגעפּלאַצט אַ דונער
און די לופט האָט זיך צוטרייסעלט.

שאַ! דאָ קען די וועלט אומקומען,
ס'קען דאָס לעבען בטול ווערען,
כוחות זעמלען זיך אויף כוחות,
בליצען געהען געגען בליצען.

נאָך דעם אויסגעפּלאַצטען דונער,
איז אַ רגע שטיל געוואָרען,
ס'האָט דעם אָטעם אויפגעהאַלטען
אַלץ, וואָס אויף דער ערד געפינט זיך.

שטיל. פערגליווערט אויף אַ ווייל.
שטאַר, בעוועגט זיך נישט דער הימעל.
אינ'ם רעכטען מיטען היילען
האָט דער ווינד ווי צוגעשטעלט זיך.

נאָר אָט רוקען זיך פּאַמעליך
מיט די העק פאָראויס די דינער,
און די שאַרפקייט בלישטשעט, פינקעלט,
ווי דער ברעג פון שטורם-וואָלקען.

איינס און צוויי און דריי... די מחנה
האָט צום האַקען זיך גענומען...
טראַך!... האָט ווילד דער וואַלד צוברומט זיך
און פערבויגען מיט די שפּיצען.

דאָ איז שרעקליכעס געשעהען:
דינער זענען טויט געפאַלען!
שטאָט די אָבגעהאַקטע בוימער
זענען נייע אויסגעוואַקסען

בוימער פאַלען, מענשען פאַלען,
ס'געהט אַ קאַמפּף אויף טויט און לעבען!
נישט אַזוי איז לייכט צו האַקען!
הויכע בוימער-שטאַרקע בוימער.

כרעֶהליךְ, לוּסטיג אִיז גֶזוואָרעֶן
בַּיי די דיִענעֶר אוֹיפ׳ן האַרצעֶן ;
עֶקסטרעֶ אִיז געֶשִׁיקט געֶוואָרעֶן
אַ שָׁלִיחַ צוּ דעֶם פּאַלאַץ.

מִיט מִיזִיק געֶקוּמעֶן זעֶנעֶן
באלד די פּאַלאַץ-מוּזִיקאַנטעֶן,
אויסגעֶצִירט אִין שעֶהנעֶ קליידעֶר,
און בעֶגרִיסט די העֶלדעֶן-דיִענעֶר.

אִין אַנ׳אויסגעֶצִירטעֶר רײַטעֶר
אוֹיף אַ הײסעֶן פּעֶרד אַ שעֶהנעֶם,
אִיז געֶקוּמעֶן מִיט אַ דאַנק-בריִעף
פוּנ׳ם פּרִינץ צוּ די דיִענעֶר.

„אִיצטעֶר וועֶלעֶן מִיר זיךְ נעֶהמעֶן
צוּ די חוּצפּה׳דיִגעֶ בוימעֶר"!
האָבעֶן אַלעֶ הויךְ געֶשריִעֶן
און געֶטאַנצט, געֶלאַכט, געֶזוּנגעֶן.

„אִיצטעֶר וועֶלעֶן מִיר זיךְ נעֶהמעֶן
און אויסראָטעֶן יעֶדעֶס בוימעֶל,
ווי עֶס ווִילט זיךְ אוּנזעֶר פּרִינץ,
אוּנזעֶר גרויסעֶן רײַכעֶן אָדוֹן!"

און דעֶר וואַלד... דאָרט האָבעֶן, דאַכט זיךְ,
שוואַרצעֶ דוּנעֶרן געֶנעֶסטִיגט,
און אַ שטוּרם האָט בעֶהאַלטעֶן
זיךְ אִין אָטעֶם פוּן די בוימעֶר.

אָט-אָ וועֶט זיךְ וואָס צוּרײַסעֶן
און צוּפלאַקעֶרן אִין לוּפטעֶן,
ס׳וועֶלעֶן אָבגרוּנדעֶן זיךְ הויבעֶן
און די עֶרד אִין זיךְ פעֶרשלִינגעֶן.

ווי דעֶר רעֶש פוּן אַ מבול,
ווען עֶס שפּאַלטעֶן זיךְ די הִימלעֶן,
האָט דעֶר וואַלד געֶרוישט, געֶהוּדזיעֶט
מִיט די צאָרעֶנדיִגעֶ בלעֶטעֶר.

און פון וואַלד די שטאַרקע בוימער
רוישען, שטורמען מיט די צווייגען,
ווי זיי וואָלטען זיך געריסען
וועמען שטעלען זיך אַנטקעגען.

דאָך דאָס זינגען ווערט אַלץ שטילער
נאָך אַ רגע — און זיי שפּרינגען
און זיי פאַלען און זיי שפּריצען
אויף די ברעגען זיך פונאַנדער.

אין מיט וואוטה, און ווילדען צאָרן
קנאַקט עס, ברויזט עס פון די כוואַליעס
און זיי לעגען אין די לעצטע
כחות זיך אַ וועג צו מאַכען.

נאָר די צוימען ווערען ברייטער,
שטיינער פאַלען אַלץ אין וואַסער,
ס'הויבט דער גרונד זיך העכער, העכער,
אָט־אָ זעהט ער זיך שוין אויבען.

לאַנג האָט זיך דאָס שווערע ראַנגלען
פון די כוואַליעס מיט די דינער
אַלץ געצויגען און געצויגען,
ביז דער טייך איז אומגעקומען.

אומגעקומען ווי אַ גבור,
ווי אַ העלד אין שלאַכט מיט שונאים;
ביז דער לעצטער רגע האָט זיך
אַלץ נישט אויפגעהערט דאָס ראַנגלען.

שענע כוואַליעס, שטאַרקע כוואַליעס!
זייט געשעצט, געריהמט, געאַכפּערט
פון די מערב־דיגע ווינדען!
פון די צפון'דיגע קעלטען!

אַ גן עדן איז געוועזען
אויף דער ערד פון אייער זינגען;
אַנדערש האָט געבלאַנקט דער הימעל,
ווען דער טייך האָט זיך געקויקעלט.

---

נאָר אָט געהט אַ מחנה מענשען,
פעכט בעוואָפענט מיט כלי־זין.
בלוטיג זענען זייערע אויגען,
ווי אין וואַלד ביי ווילדע חיות.

און עס שטעלט זיך אויס די מחנה
ביי דעם ברעג און נעמט דאָרט גראָבען
שטיקער ערד און גרויסע שטיינער,
און זיי וואַרפען עס אין טייך אַלץ.

אָבגעריסען אויף אַ ווײַלע
ווערט דאָס זינגען פון די כוואַליעס,
ווי עס וואָלט זיי דורכגעדרונגען,
דורכגענומען מיט אַ שוידער.

דאָך די כוואַליעס זינגען ווידער,
זינגען העכער איצט און שטאַרקער,
אויפגעפלאַקטען איז דאָס זינגען
מיט נקמה און גרימצאָרן.

נאָר די מענשען גראָבען ווייטער
שטיקער ערד און גרויסע שטיינער
און זיי וואַרפען עס אין טייך אַלץ,
און זיי רוהען נישט אַ ווײַלע.

שעה'ן לויפען און פערבײַטען
זיך אויף אַנדערע אויף נײַע,
און די דיענער גראָבען ווייטער
און זיי רוהען נישט אַ ווײַלע.

שטיקער ערד און גרויסע שטיינער
האַלטען אויף שוין באַלד דאָס וואַסער,
אָט־אָ ציטער'ן די כוואַליעס
ביי די צוימען פון די שטיינער.

נאָר זיי זינגען שטאַרק און שטאַרקער,
ווי זיי וואָלטען זיך געראַנגעלט
מיט די דיענער פונ'ם פריץ,
וועלכע ווילען זיי פערניכטען.

און אין רעכטען מיטען שטורעם
און אין רעכטען וואוטה און צארן,
זינגט דער וואלד א מעכטיג ליעדעל,
און עס הערען עס די דיענער:

„נישט די בלום און נישט די כוואליעס
זענען מיר — די שטארקע בוימער!
אונז וועט קיינער ניט בעזיעגען,
ווארום נייע וועלען אויפשטעען.

„מיטין ווארצעל וועט איהר קיינמאל
אונז ניט אויסרייסען, פערניכטען;
אונזער גבורה ליעגט אין שטורם,
אונזער מוט — אין אונזער וואקסען.

„ברייגגט נאך דיענער, האקט די בוימער,
נאר איהר וועט געהרג'עט ווערען,
יעדער בוים וואס וועט נאר פאלען,
וועט דער־הרג'ענען א דיענער.

„א, אומזיסט איז אייער שטרייטען,
קעהרט זיך אום צו אייער פריץ
אונזער מאכט וועט אייך פערברענען
— — — — — — — — — — — — —

און דעם פריצ'ס דיענער האבען
זיך געפרופט נאך ווידער שטרייטען,
דאך אומזיסט איז עס געוועזען,
און עס האט געזאגט דער עלטסטער:

„נעהמט צוריק די העק און זעגען,
נעהמט צוריק און קומט אין פאלאץ.
גישט פאר אונז איז איינצונעהמען
אט די שטארקע הויכע בוימער"...

מיט די קעפ אראבגעלאזען
זענען זיי געגאנגען לאנגזאם
און פערשעמטערהייד געקומען
צו דעם פרעכטיג־שעהנעם פאלאץ.

און וואָס מעהר עס געהען טיעפער
אין דעם וואַלד דעם פריזי'ס דיענער,
אַלץ מעהר פאַלען פון זיי מענשען;
פאַלען טוידטע באַלד אַנידער.

און דערוויַיל — עס קראַכט און שטורעמט,
דונער לויפען פון די נעסטער,
בליצען גאַרטלען זיך אין לופטען,
ווינדען רייַסען אויף די הימלען.

„ביטער" — קלאַגען אַלע דיענער,
ווייַער מוט איז אָבגעפאַלען —
„שווערער איז דער קאַמפף מיט בוימער,
איידער מיט די פרעכע כוואַליעס".

און אָט בלייַבען זיי צוטומעלט,
ווייסען נישט וואָס פאַרצונעהמען,
בוימער פאַלען איף די קעפּ זיי,
און עס מעהרען זיך תּרוגים.

„וואָס־זשע טהוט מען, וואָס־זשע טהוט מען?"
פרעגט דער עלטסטער פון די דיענער.
„אפשר אויפהערען צו שטרייַטען?
אפשר זאָלען מיר אוועקגעהן"?

אַלע שווייַגען, אַלע שווייַגען
און קיין ענטפער גיט נישט קיינער;
און ווי אָבגערעדט אינאיינעם
טרעטען אַ,ג אָב אויף הינטער.

און דער וואַלד ער ברומט נאָך שטאַרקער,
שפּרינגט פון וואוט און ברענט פון צאָרן,
אין זיין אָטעם גליהט נקמה,
שפּיזען זענען זיינע שפּיצען.

אַז דער אָרון איז אַנטקעגען
זײַ צום פענסטער צוגעגאַנגען,
װענ'ן זײַ געשטאַנען שטומע,
אָהן אַ װאָרט אַרויסצורײַדען.

און געהערשט האָט לאַנג אַ שטילקײַט
אַ געדריקטע און אַ שװערע,
ס'האָט דער פּריץ שטיל געשװיגען
און די דינער — סאַמע מתים.

אַז די שטילקײַט איז געװאָרען
אונערטרעגליך, האָט דער עלטסטער
אויסגערופען: „גרויסער הערשער!
ס'איז אימזיסט דײַן מיה און שטרײַטען"!

ד'מאָלט האָט דערהערט אַ קלאַפּ זיך,
עפּעס איז געפאַלען דאָרטען,
װאו דער פּריץ איז געשטאַנען
פאַר'ן פענסטער אינ'ם פּאַלאַץ.

* *
*

מ'הער דערצעהלט נישט די לעגענדע
װעגען רײַכען גרויסען פּריץ,
װאָס האָט נישט געקענט בעזיגען
יענע שטאָלצע, שטאַרקע בוימער.

